# אהרן שמואל ליבערמאן

## זיין שטורמישער לעבען און טראַגישער סוף

אָפּשאַצונג פון

מ. איוועגסקי

מיט אַן איינלייטונג פון

י. באַסקין
גענעראל סעקרעטאר פון ארבייטער רינג

ארויסגעגעבען פון
אַרבעטער רינג שול נומ. איינס,
בראָנקס, ניו־יאָרק
1934

---

פרייז 15 סענט

## דער פאָטער פון אידישען סאָציאַליזם



אהרן שמואל ליבערמאַן

1844 — 1880

# פאָררעדע

ביי די אומות העולם איז ניט קיין נייעס, אז מען זאָל אין יאָרען שפּע־טער נאָך דעם טויט פון באַרימטע פּערזענליכקייטען אריבערפירן זייערע ביינער אין א „היילינגען פּלאַץ", אין דער „סאַנקטאַ־סאַנקטוס„ פון דער נאַציאָן. אזוי איז דאָ, ציים ביישפּיל, אין פּאַריז דער פּאַנטעאָן, וואו עס רוהען די ביינער פון די גרעסטע פּערזענליכקייטען פון פראַנצויזישען פאָלק, ווי נאַפּאָלעאָן און אנדערע. און אזוי אויך אין אנדערע לענדער געפינען זיך אזעלכע היילינגע ערטער.

ביי אונז אידען האָט מען פון אזא זאַך כמעט ווי ניט געוואוסט. עס האָט געמוזט ווירקליך פּאַסירען עטוואָס אונגעוויינליכעס, עס האָט געמוזט זיין אַן אויסערגעוויינליכע פּערזענליכקייט אין דער געשיכטע פון אידישען פאָלק, אז מען זאָל אין 54 יאָר אַרום, נאָך דעם טויט פון דער פּערזענליכ־קייט, אַריבערפירען זיינע ביינער אויף דעם „פּאַנטעאָן"—דעם בית־עולם פון ארבייטער רינג.

אהרן ליבערמאַן איז איינער פון די מערקווירדיגסטע פּערזענליכקייטען אין דער געשיכטע פון סאָציאַליזם צווישען די אידישע מאַסען.

זיין לעבענס־געשיכטע לעזט זיך ווי א פּאַבעל, ווי א מין לעגענדע, פול מיט אינצידענטען און מערקווירדיגע פּאַסירונגען. ליבערמאַן איז איינער פון די לעגענדאַרע פּערזאָנען, וועלכע פילען אָן די בלעטער פון דער אידישער געשיכטע.

מ. איוועָנסקי, דער מחבר פון דער ביאָגראַפיע, איז באַקאַנט אלס זעהר אַן ערנסטער דענקער און פאָרשער. ווען ער האָט זיך גענומען צו דער ארבייט, האָט ער ניט דורכגעלאָזען קיין איין קוואַל, פון וועלכען ער האָט געדענקט, אז ער קען שעפּען די נויטיגע אינפאָרמאַציע וועגען דער פּערזענליכקייט, וועגען דעם כאַראַקטער פון דעם לאַנג־פאַרשטאָרבענעם ליבערמאַן.

צו דעם 50־יעריגען יאָרצייט פון אהרן ליבערמאַן האָט די רעדאַקציע פון „פריינד", דער אָפיציעלער אָרגאַן פון ארבייטער רינג, באַאויפטראַגט מ. איוועָנסקי'ן אָנצושרייבען אַן אַרטיקעל, אין וועלכען עס זאָל פאַר די אידישע ארבייטער־מאַסען פון אַמעריקא באַלויכטען ווערען דאָס לעבען און ווירקען פון אהרן ליבערמאַן. נאָכדעם ווי דער ארטיקעל איז ערשינען, האָבען פילע נענאָסען גענומען טראַכטען וועגען אַריבערפירען די ביינער פון דעם פאַרשטאָרבענעם ליבערמאַן אויף דעם ארבייטער רינג בית־עולם, וואו עס געפינען זיך די קברים פון גרויסע קעמפער, דיכטער און געזעלשאַפטליכע טוער. די באַוועגונג האָט אָנגענומען א באַשטימטע פאָרמע און דער רע־זולטאַט איז געווען אז דעם 24טען יוני, 1934, האָבען די אידישע ארבייטער־מאַסען פון ניו־יאָרק, נאָך 54 יאָר זינט דעם טויט פון אהרן ליבערמאַן, אָפּ־געגעבען דעם געהעריגען כבוד צו דעם „טאַטען" פון דעם אידישען סאָ־ציאַליזם אין דער וועלט.

דאָס קליינע ווערק, וואָס מ. איוועָנסקי האָט אָנגעשריבען, גיט א פאָלשטענדיגען באַגריף וועגען דעם כאַראַקטער, וועגען דער טעטיגקייט פון אָט דעם מערקווירדיגען מענש, וועמעס נאָמען איז פאַרשריבען מיט גאָל־דערנע בוכשטאַבען אין דער געשיכטע פון דער אידישער ארבייטער־באַוועגונג אויף יענער זייט ים.

מיר גלויבען, אז יעדער אינטעליגענטער אידישער ארבייטער דאָ אין אַמעריקא וועט זיין פאַראינטערעסירט צו באַקענען זיך מיט דעם לעבען און טעטיגקייט פון דעם אויסערגעוויינליכען רעוואָלוציאָנער, וועלכער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַריינגעטראָגען דאָס סאָציאַליסטישע וואָרט צווישען די אידישע ארבייטער־מאַסען.

י. באַסקין.

# אַריינפיר

## פון מחבר

54 יאָר איז דער פאָטער פון אידישען סאָציאַליזם, אהרן שמואל ליבער־מאַן, געווען באַערדיגט אויף אַ פארוואָרפענעם בית עולם אין סיראַקיוז, נ. י., לעבען אַ פלאַנקאַן, וואו פארוואָגעלטע אין לעבען און פארשטויסענע אפילו נאָכ'ן טויט ווערען באַערדיגט. איצט האָט די נשמה פון דעם גרויסען קעמ־פער געקראָגען אַ תיקון. זיינע ביינער ווערען איבערגעפירט אין ניו־יאָרק און וועלען באַערדיגט ווערען אויף דער ארבייטער רינג סעמעטערי און זיין קבר וועט זיין צווישען די קברים פון אידישע היסטאָרישע פערזענליכקייטען.

ניט אָבער די נשמה פון ליבערמאַנ'ען אַליין קריגט אַ תיקון, נאָר אויך די אידישע ארבייטער באַוועגונג. די אידישע ארבייטער באַוועגונג האָט פיל צו פארדאַנקען אהרן ליבערמאַנ'ען און זיין סאָציאַליסטישע טעטיגקייט. דער תיקון וועט זיין גרעסער, ווען די ווערק פון ליבערמאַנ'ען, געשריבען מייסטענס אין העברעאיש, וועלען איבערזעצט ווערען אין דער שפּראַך פון די אידישע פאָלקס־מאַסען, אין אידיש. זיינע ווערק, געשריבען מיט וואָסערע 60 יאָר צוריק, זיינען נאָך איצט אזוי פריש, ווי אין דער צייט וואָס זיי זיינען גע־שריבען געוואָרען. ליבערמאַנ'ס אידעאַליזם, זיין שאַרפע פען, זיינע קלוגע אפאָריזמען קענען נאָך איצט זיין אַ קוואַל פון באַגייסטערונג. אין די צייטען פון דעפּרעסיע אין דער וועלטליכער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, קענען זיי אויך זיין אַ קוואַל פון האָפנונג.

ליבערמאַנ'ס באַדייטונג פאַר דעם אידישען סאָציאַליזם אין אַלע זיינע פאָרמען איז זעהר גרויס. זיין טעטיגקייט איז אָבער געווען אין איירָאָפּאַ. אין אַמעריקע איז ער געווען אַ קורצע צייט און אין סיראַקיוז, וואו ער איז טראַגיש אומגעקומען — בלויז איינינגע שטונדען.

וואָס האָט ליבערמאַן געטאָן אין אַמעריקע? וואָס האָט אים געצויגען אין סיראַקיוז? אויף די פראַגען זוכט די בראָשורע צו געבען אַן ענטפער. איך מאַך אויך אַ פּראָבע צו געבען אַ לעבענס־באַשרייבונג פון אָט דעם מערקווירדיגען מענשען און אַנדייטען אויף זיין באַדייטונג אין דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

איך דריק אויס מיין דאַנק דער ארבייטער רינג שולע, נומער איינס, פון בראָנקס, וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו פאַרעפענטליכען די בראָשור. אַ הערצליכען דאַנק קומט אויך די פריינד יעקב הילמאַן און א. סטאָון, די איניציאַטאָרס פון דער אונטערנעמונג.

מ. א.

עס איז שוין באַלד אַוועק 54 יאָר זינט אהרן שמואל ליבערמאַן, דער פֿאָטער פֿון אידישען סאָציאַליזם, איז טראַגיש אומגעקומען אין סיראַקיוז. זיין גאַנצער לעבען איז פֿול מיט דראַמאַטישע פּאַסירונגען. זיינע לעצטע טעג זיינען אָבער געווען אַ שרעקליכע טראַגעדיע.

גאַנץ סיראַקיוז איז דאַמאָלס געגאַנגען אויף רעדלאַך. אַלע דריי ציי־טונגען, וואָס סיראַקיוז האָט דאַמאָלס געהאַט, זיינען אַרויס אויף מאָרגען נאָך דער טראַגעדיע, דעם 19טען נאָוועמבער, 1880, אין גרויסע „קידוש־לבנה" אותיות מיט שרייענדע קעפּלאַך וועגען דעם זעלבסטמאָרד פֿון אַרטור (אהרן) ליבערמאַן.

סיראַקיוז, אַ שטאָט אין דעם שטאַט ניו יאָרק, וואָס האָט איצט איבער צוויי הונדערט טויזענט איינוואוינער, האָט דאַמאָלס געהאַט ווייניגער פֿון אַ העלפֿט איינוואוינער, וואָס זי פֿאַרמאָגט איצט. אָבער לויט דעם מאָס פֿון יענער צייט איז סיראַקיוז שוין געווען פֿאַררעכענט פֿאַר אַ גרויסע שטאָט. עס זיינען דאָרטען דאַמאָלס געווען דריי צייטונגען: „דער מאָרנינג סטאַנ־דאַרד", דער „קוריער" און דער „איוונינג העראַלד". אַלע דריי צייטונגען האָבען פֿאַר צוויי וואָכען צייט איבערגעגעבען גאַנצע קאָלומס צו באַשריי־בען דעם זעלבסטמאָרד פֿון אַרטור (אהרן) ליבערמאַן. די צייטונגען האָבען צוערשט איבערהויפּט ניט געוואוסט ווער דער ליבערמאַן איז און וואָס פֿאַר אַ ראָלע ער האָט געשפּילט אין דער וועלט. אין סיראַקיוז, כאָטש ניט קיין גרויסע שטאָט, פּלעגען זעלבסטמאָרדען אויך פֿאָרקומען, ווי אין אַלע שטעט און קיין גרויסען גערודער פּלעגט מען וועגען דעם ניט מאַכען. דאָ איז אָבער געווען אַ טשיקאַווער פֿאַל. דער זעלבסטמאָרד איז פֿאָרגעקומען אונטער אויסערגעוויינליכע אומשטענדען. די צייטונגען האָבען אויך גלייך דער־שמעקט, אַז זיי האָבען דאָ צו טאָן מיט ניט קיין געוויינליכען מענשען.

ווי אַזוי ליבערמאַן האָט זיך גענומען דאָס לעבען, איז געווען אַ פֿאַל, וואָס פּאַסירט זעלטען. ליבערמאַן איז געווען אין סיראַקיוז בלויז עטליכע שטונדען. גלייך פֿון דיפּאָ האָט ער זיך אַוועקגעלאָזען אין 86 מעדיסאָן סטריט צו זיינע באַקאַנטע. אַ פּאָר שטונדען האָט ער דאָרטען פֿאַרבראַכט און דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט לעבען שפּיגעל. ער האָט אַרויס־גענומען אַ פֿלאַש שנאַפּס פֿון דער טאַש. דער „סיראַקיוז מאָרנינג סטאַנדאַרד" ווייסט אַפילו, וואָס פֿאַר אַ סאָרט שנאַפּס עס איז געווען. עס איז געווען „אָלד דאָהערטי ראַי וויסקי", וואָס מען האָט געברייעזט אין באַלטימאָר, מערילענד. ליבערמאַן האָט געגעבען אַ פּאָר זופּען פֿון דער פֿלאַש און האָט זיך אַריינגעלאָזען אַ קויל אין קאָפּ.

אין דער הויז 86 מעדיסאָן סטריט, אין סיראַקיוז, וואו ליבערמאַן איז פֿאַרפֿאָרען, האָט געוואוינט אַ בעקער מיט דעם נאָמען מאָריס סאַרעסאָן. סאַרעסאָן איז אַוועק אין דער פֿריה צו דער אַרבייט. ער האָט געאַרבייט ביי איינעם ישראל וואָלינסקי, אין 26 דזשעקסאָן סטריט, און ער איז גאָר אין דער היים ניט געווען, ווען ליבערמאַן איז דאָרטען אָנגעקומען. אַרום 12 אַזייגער מיטאָג צייט האָט ליבערמאַן אָנגעקלאַפּט אין טיר פֿון די סאַרע־סאָנס. מיסעס סאַרעסאָן האָט געעפֿענט די טיר און זי איז געווען זעהר איבעראַשט צו באַגעגענען ליבערמאַנ׳ען, מיט וועמען זי איז געווען באַקאַנט פֿון לאַנג. ליבערמאַן איז אַריין אין הויז און האָט דאָרטען פֿאַרבראַכט ביי

אַ שטונדע צייט. ער האָט זיך באַזונדערס נאָכגעפרעגט אויף לאַה׳צקען, אַ טעכטעריל פון די סארעסאָנס. מרס. סארעסאָן האָט אים געענטפערט, אַז לאַה׳צקע איז אין סקול און וועט קומען ערשט פיר אַזייגער. געטוי וואָס איז פאָרגעקומען דאָרטען איז, נאַטירליך, שווער צו דערגיין. באַלד נאָך דער טראַגעדיע זיינען די סארעסאָנס אוועק פון סיראַקיוז און קיינער ווייס ניט וואו זיי זיינען.

עס איז שוין אָבער אַ געשיכטע פון איבער 50 יאָר און מען קען דער־ציילען וועגען דעם מיט איינצעלהייטען. לויט ווי די מיסעס סארעסאָן האָט איבערגעגעבען, האָט זי גראָד געהאַלטען ביים אַרויסגיין פון הויז. ווי נאָר זי האָט אָנגעהויבען אַרויסצוגיין, האָט די טראַגעדיע פּאַסירט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט זיך גלייך אָנגעפאַנגען צונויפלויפען. עס איז געקומען פּאָליציי. עס איז געקומען אַ קאָראָנער מיט׳ן נאָמען נאַפּ. עס איז געקומען דער אָנדערטייקער גילבערט איבערצונעמען דעם טויטען קער־פער. מען האָט געפונען דאָרטען די פאָלגענדע סצענע. אין דעם אָרימען בעקער׳ס הויז איז געלעגען ליבערמאַן אין אַ טייך בלוט. מען האָט געפונען צוויי אידישע בריוולאַך, וועלכע אַ אידישער איבערזעצער האָט איבערגעזעצט אין ענגליש. איין בריוועל איז געווען אַדרעסירט צו לאַה׳צקען מיט פאָלגענ־דען אינהאַלט: „טייערע לאַה׳צקע, דיין גוטער, אַלטער פריינד ליבערמאַן גריסט דיך הערצליך. איך לאָז דיר איבער אַ צייכען מיך צו געדענקען. ווען דו וועסט ווערען עלטער, וועסטו אַלע מאָל דענקען וועגען מיר. דיין פריינד אַרטור ליבערמאַן, סיראַקיוז, דעם 18טען נאָוועמבער 1880“.

דעם צייכען, וואָס ליבערמאַן האָט איבערגעלאָזען פאַר דער מיידעלע, איז געווען 15 דאָלאַר אין גאָלד. אַ צווייטען בריוועל האָט מען געפונען אין ליבערמאַנ׳ס נאָטיץ־ביכעל מיט פאָלגענדען אינהאַלט: „אַדיע וועלט. דער וואָס האָט קיין זאַך אין לעבען, נאָר צרות, מוז שטאַרבען. איך בעט יעדען איינעם, אַז מען זאָל מיר ניט אורטיילען, סיידען ער וועט קומען אין דער זעלבער לאַגע ווי איך“. די לעצטע שורה איז דער באַקאַנטער ווערטעל אין פרק „אַל תדין את חברך עד שתגיע למקומו“. צי ער האָט דאָס געשריבען אין אידיש אָדער אין העברעאיש, קען מען פון די צייטונגען ניט דערגיין.

וואָס עס איז געווען די אמת׳ע אורזאַכע פון ליבערמאַנ׳ס זעלבסטמאָרד, קען מען נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט פעסטשטעלען. די, וואָס זיינען באַ־קאַנט מיט ליבערמאַנ׳ס לעבען, ווייסען, אַז זיין לעבען איז געווען פול מיט דראַמאַטישע פּאַסירונגען. עס איז געווען אַ לעבען פול מיט רעוואָלוציאָנע־רער טעטיגקייט. ליבערמאַן איז געשטאַנען נאָהענט צו פּיטער לאַווראָוו׳ען, דעם באַרימטען רוסישען רעוואָלוציאָנער. ליבערמאַן איז געווען דער זעל־ביגער אַרטור פרימאַז, וועלכער האָט אין יאָר 1877 אין וויען אַרויסגעגעבען דעם סאָציאַליסטישען זשורנאַל אין העברעאיש, דעם „האמת“, און ער איז דאָרטען אַרעסטירט געוואָרען אַלס געפערליכער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַ־ליסט. מען וואָלט אים פון דאָרטען געשיקט צוריק אין רוסלאַנד, ווען פאַר אים וואָלטען זיך ניט איינגעשטעלט פון איין זייט דער גלח־מיסיאָנער זאַלקינסאָן, דער איבערזעצער פון מילטאָן און שעקספיר, ווי אויך דעם „ברית חדשה“ אין העברעאיש, און פון דער צווייטער זייט — דער ראש־ישיבה פון ווינער ראַבינער שול, דער געלערנטער מאיר איש שלום. אויך האָט זיך איינגעשטעלט פרץ סמאָלענסקין, דער רעדאַקטאָר פון העברעאישען זשורנאַל „השחר“.

ליבערמאַן איז געוועזן אַ יוגענד־פרייַנד פון זונדעלעוויץ, דעם באַרימ־טען אידישען סאָציאַליסט, מיט וועמען ער האָט געגרינדעט די ערשטע סאָ־ציאַליסטישע קרייזלאַך. ליבערמאַן איז געוועזן דער פּאַרפאַסער פון דעם סאָציאַליסטישען מאַניפעסט אין העברעאיש „אל שלומי בחורי ישראל“ (צו די אידישע ערליכע יונגע לייט), וואָס האָט געמאַכט אַזאַ געוואַלדיגען רושם אין די זיבעציגער יאָרען. ער איז געוועזן ווינטשעווסקי׳ס רבי און אויך דער גרינדער פון דעם ערשטען סאָציאַליסטישען פאַראיין אין לאָנדאָן.

מיט איין וואָרט, ער איז געוועזן דער פּאַטער פון אידישען סאָציאַליזם. די, וואָס זיינען גענוי באַקאַנט מיט דעם שטורמישען לעבען פון ליבערמאַנ׳ען, וועגען וועלכען עס וועט נאָך שפּעטער פיל גערעדט ווערען, קענען געפינען פּסיכאָלאָגישע אורזאַכען, וואָס האָבען אים געטריבען יונגערהייד אין קבר (ער איז אַלט געוועזן בלויז 36 יאָר). פאַר די גוים אין סיראַקיוז איז די גאַנצע זאַך געוועזן אַזאַ געהיימניס, וואָס זיי האָבען ניט געקענט דערגיין; און עס איז קיין חידוש ניט, וואָס אין סיראַקיוז האָט זיך דאַמאָלס אַזוי פיל גע־קאָכט וועגען זיין טויט.

אַז ליבערמאַן איז געוועזן ניט אַבי ווער, האָבען די סיראַקיוזער רעפּאָר־טערס גלייך פאַרשטאַנען. זיין שוואַרצע באָרד און דער אינטעליגענטער שיינער פּנים האָבען עדות געזאָגט, ווי דער „איוונינג העראַלד“ זאָגט, אַז עס איז געוועזן אַ איד פון אַ הויכער קאַסטע „עי דזשו אָוו עי האַי קאַסט“. ער איז געוועזן נעט און שיין געקליידעט. מיסעס סאַרעסאָן האָט געזאָגט, אַז ליבערמאַן האָט ארויסגעגעבען אַ העברעאישע צייטונג אין לאָנדאָן. זי איז, קאָנטיג, ניט געוועזן באַהאַוונט אין דער ליטעראַרישער קאַריערע פון ליבער־מאַנ׳ען. די רעפּאָרטערס האָבען פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַ העכסט אינטע־ליגענטער מענש און זיי האָבען שטאַרק באַדויערט זיין טויט.

די סיבה פון זיין טויט האָבען די רעפּאָרטערס געוויס ניט געוואוסט. דער „איוונינג העראַלד“ זאָגט, אַז ער האָט זיך גענומען דאָס לעבען צוליב שלעכטע אומשטענדען, אָבער דער רעפּאָרטער האָט ניט געקענט פאַרשטיין, ווי עס קומט דאָס מען האָט ביי אים געפונען עטליכע גאָלדענע מטבעות. דער „מאָרנינג סטאַנדאַרד“ האָט פון דער גאַנצער טראַגעדיע ארויסגענומען אַ מוסר צו די לעזער, אַז מען דאַרף זיך אָפּהיטען פון שנאַפּס, ווייל שנאַפּס פירט צו אַלע אומגליקען.

אַ פּאָר טעג האָבען די צייטונגען פון סיראַקיוז ניט געקענט דערקלערען דעם מאָרדנעם זעלבסטמאָרד, ביז מען האָט ארויסגענומען דעם וועליז, וואָס ליבערמאַן האָט איבערגעלאָזען אויפ׳ן דיפּאָ. מען האָט געעפענט דעם וועליז און פון די כתבים, וואָס מען האָט דאָרטען געפונען, האָט מען זיך דער־וואוסט, אַז ליבערמאַן איז געוועזן אַ ניהיליסט. דאָ האָט זיך ווידער אָנגע־פאַנגען אַ סענסאַציע.

דעם 20טען נאָוועמבער, 1880, שרייבט שוין דער סיראַקיוזער „מאָר־נינג סטאַנדאַרד“ אין אַן עדיטאָריעל: „ליבערמאַן, וואָס איז מיט אַ פּאָר טעג צוריק באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, האָט זיך ארויסגעוויזען צו זיין אַן ערשט קלאַסיגע סענסאַציע. אַלע צייטונגען גיבען אָפּ פיל פּלאַץ אין זייערע ווערטפולע קאָלומס און רעדען וועגען די ליטעראַרישע אויפטואונגען זיינע. עס ווייזט זיך ארויס, אַז ער איז געוועזן אַ ניהיליסט. מיר האָבען גאָר־ניט דאַגעגען, אַז אַלע ניהיליסטען זאָלען קומען אין סיראַקיוז און באַגיין זעלבסטמאָרד. מיר דערמאָנען זיי, אַז זיי זאָלען זיין אַזוי פאַרזיכטיג, ווי

ליבערמאַן און ברענגען מיט זיך געלד אויף קבורה־געלד".

די געמיינע ווערטער פון דעם „מאָרנינג סטאַנדאַרד" זיינען זעהר כאַ־ראַקטעריסטיש. זיי ציינען, וואָס פאַר אַ מיינונג מען האָט דאַמאָלס געהאַט וועגען רוסישע ניהיליסטען אין פּראָווינציעלע שטעט פון אַמעריקע.

דעם 22טען נאָוועמבער, 1880, דרוקט דער „קוריער" אין אַ שרייענדער קעפּעל: „איינער, וואָס האָט געוואָלט רויבען די קרוין פון רוסישען צאַר, איז געווען ליבערמאַן. ער האָט געמוזט אַנטלויפען פון רוסלאַנד צוליב אַ פייערדיגע פּראָקלאַמאַציע". דער „קוריער" דערציילט דאָרטען אַ גאַנצע מעשה וועגען ליבערמאַנ'ען. ער דערציילט, אַז מען האָט אין זיין וועליז געפונען פילע ניהיליסטישע מאַנוסקריפּטען. איין מאַנוסקריפּט האָט די ציי־טונג געלאָזט איבערזעצען אונטער דעם נאָמען „דער דאָלאַר". אַלע אַנדערע מאַנוסקריפּטען געפינען זיך נאָך עד היום אין די אַרכיוון פון דער סיראַ־קיוזער פּאָליציי.

דער „קוריער" באַהויפּטעט, אַז די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרען פון דייטש. ווי מען זעט, זיינען די רעדאַקטאָרען פון די סיראַקיוזער ציי־טונגען ניט געווען קיין גרויסע לומדים אין אידישע זאַכען. די דייטש האָט געמוזט זיין עברי־טייטש אָדער פּראָסט גערעדט, אידיש. די איבערזעצונג איז זעהר ניט קיין געראָטענע, אָבער דאָך איז דער פעליטאָן זעהר טאַלאַנט־פול אָנגעשריבען. ליבערמאַן איז אין אַמעריקע געווען בלויז עטליכע מאָ־נאַטען און „דער דאָלאַר" באַשרייבט דעם איינדרוק, וואָס ניו־יאָרק האָט אויף אים געמאַכט.

אין דער צייט, וואָס די סיראַקיוזער צייטונגען האָבען אַזוי פיל זיך געקאָכט וועגען דעם טויט פון דעם אידען, דעם געפערליכען ניהיליסט, זיי־נען די אידישע און העברעאישע צייטונגען פון יענער צייט אָפּגעקומען מיט עטליכע שורות. אין „הצפירה" איז דאָ אַ קליינע קאָרעספּאָנדענץ וועגען דעם טראַגישען סוף פון ליבערמאַנ'ען. עס זיינען דאָ נאָטיצען אויך אין אַנדערע אידישע צייטונגען. עס ווערט דאָרטען געצויגען נארישע מוסר השכל'ס. ליבערמאַן איז געווען אַ סאָציאַליסט, אַ שרעקליכער וואָרט פאַר די שרעקעדיגע אידישע צייטונגען. דער טויט פון אַזאַ טאַלאַנטפולען שריי־בער האָט קיין גרויסען רושם דאַמאָלס ניט געמאַכט.

ליבערמאַן איז געשטאָרבען דאָ אין אַמעריקע, איידער עס איז דאָ געווען אַ סאָציאַליסטישע באַוועגונג. זיין טויט איז אויך אומבאַמערקבאַר געווען פאַר די אידישע מאַסען. טראָץ דעם, וואָס דער „סטאַנדאַרד" האָט באַהויפּטעט, אַז ער האָט געהאַט געלד, האָט מען אים אָבער געמוזט באַ־ערדיגען אויפ'ן בית עולם פון „חסד של אמת". די „סאָסייעטי פון קאַדישאַ", ווי דער „איווינינג העראָלד" רופט די חברה קדישא, האָט באַערדיגט ליבער־מאַנ'ען אויף זייער בית עולם. מען האָט אים געגעבען אַ קבר לעבען פאַר־קען, וואו מען לייגט אַלע זינדיגע און פאַרוואָגעלטע נשמות.

אין עטליכע יאָר שפּעטער האָט די זריעה, וואָס ליבערמאַן האָט פאַר־זייט, געגעבען שיינע שפּראָצונגען. עס איז אויסגעוואַקסען אַ מעכטיגע אידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אַלע לענדער, וואו אידען האָבען זיך געפונען. דער „בונד" אין רוסלאַנד, די מעכטיגע אַרבייטער באַוועגונג אין אַמעריקע, די פועלי ציון — די אַלע פּאַרטייען האָבען ליבערמאַנ'ען פיל צו פאַרדאַנקען.

עס האָט זיך אויך ענטוויקעלט די נייע העברעאישע ליטעראַטור. קיי־

נער האָט זיך וועגן דעם אָנדענקונג פון ליבערמאַנ׳ען ניט געקימערט. דאָ און דאָרטען האָבען זיך אויפגעהויבען שטימען וועניגסטענס צו שטעלען כאָטש אַ פּאַסיגע מצבה פאַר ליבערמאַנ׳ען. די שטימען האָבען אָבער גלייך אויפגעהערט, ביז עס איז געקומען די צייט און די אידישע ארבייטער באַוועגונג האָט אָנגעהויבען צו ערפילען דעם חוב, וואָס זי איז שולדיג ליבערמאַנ׳ען.

און דער חוב, וואָס די אידישע ארבייטער באַוועגונג איז אים שולדיג, איז אַ גרויסער. ליבערמאַן איז געווען דער פאָטער פון אידישען סאָציאַליזם. די לעבענס־באַשרייבונג פון ליבערמאַנ׳ען לעזט זיך ווי אַ שפּאַנענדער ראָמאַן.

.2

וואָלאָזשין, אַ קליין שטעטעל אין ליטע, האָט געהאַט אַ שם איבער דער וועלט צוליב איר ישיבה, די באַרימטע וואָלאָזשינער ישיבה. די ישיבה, וואָס עס איז נאָך געגרינדעט געוואָרען פון דעם ווילנער גאון׳ס אַ תלמיד, איז מיט דער צייט געוואָרען אַ באַרימטער מקום תורה, וואו ישיבה־בחורים, מתמידים פלעגען זיצען איבער דער גמרא און לערנען. פון דער ישיבה זיינען ארויסגעקומען אָבער ניט נאָר גרויסע רבנים און לומדים, נאָר אויך באַרימטע שרייבער און געזעלשאַפטליכע טוער. פון דער וואָלאָזשינער ישיבה זיינען ארויסגעקומען באַרימטע פערזענליכקייטען, אי פרומע אידען, אי זאָגאַר אפּיקורסים און רעוואָלוציאָנערען־סאָציאַליסטען.

עס איז געווען אין די בליהענדע יאָרען פון דער וואָלאָזשינער ישיבה, אין די מיטעלסטע זיבעציגער יאָרען פון פאָריגען יאָרהונדערט. דער ראש־ישיבה איז געווען דער גרויסער למדן, וועלכער איז געוואָרען שפּעטער זעהר באַרימט אין דער רבנישער וועלט. דאָס איז געווען נפתלי צבי בערלין, אָדער, ווי ער האָט געהייסען פאַרקירצט אין דער העברעאישער ליטעראַטור, דער נציב.

עס איז געווען אין מיטען טאָג. דער ראש־ישיבה האָט זיך דאַמאָלס געגרייט צו זיין טעגליכען שיעור, וואָס ער פלעגט האַלטען יעדען טאָג. דער ראש־ישיבה איז געווען פאַרטיפט אין אַ שווערער סוגיא אין גמרא. פּלוצלונג גיט זיך האַסטיג אָן עפען די טיר און דער אויפזעהער פון דער ישיבה, דער משגיח, לויפט אריין אַ פאַרסאָפּעטער און זעהר צוטומעלט און שרייט אויס ווי ניט מיט זיין קול: „רבי, עס איז שלעכט, די גאַנצע ישיבה איז אין סכנה".

דער ראש־ישיבה איז געוואָרען בלאַס. ער האָט זיך דערשראָקען. ער האָט געמיינט, אַז ווידער זיינען געשיקט געוואָרען טשינאָווניקעס פון פעטערבורג, פון דער רוסישער רעגירונג, צוצומאַכען די ישיבה, ווי עס האָט שוין פאַסירט מיט דער ישיבה פילע מאָל.

ביי דער רוסישער רעגירונג איז די ישיבה געווען ווי אַ דאָרן אין אויג און מען פלעגט רק חוקר ודורש זיין וואָס דאָרטען טוט זיך, און דער ראש־ישיבה האָט דאַריבער געדענקט, אַז ווידער זיינען געקומען אומגעבעטענע געסט אָנצומאַכען אים עגמת נפש און האַרץ־ווייטאָג.

מיט אַ ציטערענדע שטימע און מיט האַרץ־קלאַפּעניש האָט דער ראש־ישיבה געפרעגט דעם משגיח וואָס עס האָט פאַסירט.

— רבי, די ישיבה איז אין סכנה. ווען די ישיבה־בחורים זיינען היינט

אין דער פריה געקומען לערנען און האָבען אויפגעעפענעט די גמרות, האָבען זיי געפונען אין זייערע גמרות טריף פסול בלעטלאך.

— דאָס אלעס, — האָט דער ראש־ישיבה שוין גערעדט אביסעל רו־איגער.

— צו מיינע שונאים'שע קעפּ. איר האָט געהערט פון וואָס א איד האָט זיך דערשראָקען. די תורה האָט פאַר אפּיקורסות ניט וואָס מורא צו האָבען. די אפּיקורסים, ימח שמם, קענען קאַליע מאַכען איינינגע בחורים. די גאַנצע ישיבה איז אָבער פון דעם ניט אין סכנה.

— רבי! — האָט דער משגיח ווידער אויסגעשריען, — זייט ניט אזוי רואיג. די בלעטלאך זיינען ערגער ווי אפּיקורסות.

דער ראש־ישיבה האָט א שמייכעל געטאָן און האָט געזאָגט:

— וואָס, אפשר האָט איר מורא פאַר די מיסיאָנערען? דערפאַר איז אָבער גאָרניט ניטאָ וואָס צו שרעקען זיך. דער יצר הרע פון עבודה זרה איז שוין טויט. אפילו די משומדים־לײדאַקעס, ימח שמם, גלויבען אויך ניט אין עבודה זרה.

דער משגיח איז אָבער פון די רייד פון דעם ראש־ישיבה ניט בארואיגט געוואָרען און האָט ווידער געזאָגט:

— גאָט איז מיט אייך, וואָס רעדט איר פון אפּיקורסות און שמד. די בלעטלאך, וואָס די קלויזניקעס האָבען געפונען ביי זיך אין די גמרות, זיינען ערגער ווי די זאַכען פון וואָס איהר רעדט. זיי רופען צו א בונט געגען קיסר. די בלעטלאך זיינען פון די „ציציליסטען", רחמנא יצילנו. אָט נאָט, לייענט.

דער ראש־ישיבה האָט גענומען לייענען די בלעטער, וואָס דער משגיח האָט אים געגעבען און האָט זיך ווירקליך דערשראָקען. די בלעטעל איז געווען געשריבען אין א שיינעם העברעאיש, וואָס האָט אויך דעם נציב פאַרכאַפּט. עס איז אָבער געווען הימעל עפען זיך. דאָרטען האָט זיך גע־רעדט על ד' ועל משיחו, געגען גאָט און געגען קיסר. און פאַר'ן קיסר האָט דער ראש־ישיבה נאָך מער מורא געהאַט ווי פאַר גאָט, מען זאָל ניט זינדיגען מיט די רייד.

די בלעטעל איז דאָס געווען דער בארימטער מאַניפעסט, די ערשטע אי־דישע סאָציאַליסטישע פּראָקלאַמאַציע, וואָס דער בארימטער סאָציאַליסט ליבערמאַן האָט ארויסגעשיקט פון לאָנדאָן אין דעם יאָר 1876 אין אלע שטעט און שטעטלאך פון רוסלאַנד, וואו אידען האָבען געוואוינט. די פּראָקלאַ־מאַציע איז ארויסגעשיקט געוואָרען אין קאָנווערטען ספּעציעל אין די ישיבות און עס זיינען שוין געווען אזעלכע, וואָס האָבען די פּראָקלאַמאַציעס פאַר־טיילט, ווי מען דאַרף. אהרן ליבערמאַן האָט געדענקט, אַז די ישיבה בחורים זיינען דאָ די אמת'ע אידעאַליסטען, וואָס לערנען תורה לשמה, ניט צוליב א קאַריערע. און זיי האָט ער געהאַט אין זינען, ווען ער האָט די פּראָקאַלאַמאַציע פאַרפאַסט.

די פּראָקלאַמאַציע, וואָס איז געווען אין א שיינעם העברעאיש, האָט געהייסען „אל שלומי בחורי ישראל" (צו די ערליכע אידישע יונגע לייט). די פּראָקלאַמאַציע איז אויך גלייך איבערזעצט געוואָרען אין רוסיש און איז געדרוקט געוואָרען אין לאַווראָוו'ס רעוואָלוציאָנערען זשורנאַל „וופּעריאָד", נומער 38, דעם ערשטען אויגוסט 1876. צו דער איבערזעצונג איז דאָ אויך א באַמערקונג פון דער רעדאַקציע: „מיט פאַרגעניגען דרוקען מיר איבער די

פראָקלאַמאַציע, וואָס איז אַן איבערזעצונג פון העברעאיש און איז געשריבען געוואָרען פון איינעם פון די טעטיגסטע מיטגלידער פון די רעוואָלוציאָנערען־סאָציאַליסטען. מיר ווינשען אונזערע אידישע גענאָסען אַן ערפאָלג אין דעם אָנפאַנג פון זייער סאָציאַליסטישער טעטיגקייט, וואָס קען ניט אָפּגעטיילט ווערען פון דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וואָס איז די באַוועגונג פון אַלע ארבייטער־סאָציאַליסטען פון דער גאַנצער וועלט".

פּיאָטער לאַווראָוו, דער גרויסער דענקער און רוסישער רעוואָלוציאָנער, האָט פאַרגעשטעלט דעם מחבר פון דער פּראָקלאַמאַציע, וואָס איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי אהרן שמואל ליבערמאַן, אלס איינעם פון די טעטיגסטע רעוואָלוציאָנערען פון יענער צייט, און די פּראָקלאַמאַציע אלס דעם אָנפאַנג פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. און עס איז טאַקע אַזוי. אהרן שמואל ליבערמאַן ווערט מיט רעכט אָנגערופען דער פאָטער פון דעם אידישען סאָציאַליזם.

איידער אהרן שמואל ליבערמאַן האָט אָנגעפאַנגען צו שרייבען וועגען סאָציאַליזם פאַר אידען, זיינען שוין געווען אין רוסלאַנד טעטיגע אידישע סאָציאַליסטען. אויך זיינען שוין געווען פילע העברעאישע שרייבער, וואָס האָבען געשריבען וועגען סאָציאַליזם אין דעם העברעאישען זשורנאַל „השחר", וואָס פּרץ סמאָלענסקי האָט ארויסגעגעבען אין וויען.

עס איז אַ צו ברייטע טעמע צו שרייבען אויספירליך וועגען דער סאָציאַליסטישער העברעאישער ליטעראַטור אין אָנפאַנג פון די זיבעציגער יאָרען. עס קאָן נאָר בלויז אָנגעדייטעט ווערען די, וועלכע האָבען געשריבען טאַלאַנטפולע לידער און סקיצען אין „השחר" אויף סאָציאַליסטישע טעמעס. דאָס זיינען געווען יהלל, קאַנטאָר, ליבערמאַן אליין אונטער'ן נאָמען „איש חמודות" (העברעאיש פאַר ליבער מאַן), דער בארימטער נאַראָדאָוואָליעץ לייזער צוקערמאַן, וועמען מען האָט שפּעטער ארעסטירט אין פאַרבינדונג מיט דער געהיימער דרוק פון דער „נאַראָדנאיא וואָליא" און מען האָט אים פאַרשיקט אויף קאַטאָרגע. אין „השחר" זיינען אויך געווען סאָציאַליסטישאָנגעהויכטע שירים פון י. ל. פּרץ. אויך ליליענבלום האָט געשריבען דאָרטען זיין „עולם התוהו" און נאָך זאַכען, אויב ניט אין סאָציאַליסטישען גייסט אָבער דאָן אין דעם גייסט פון די רוסישע רעאַליסטען, פּיסאַרעוו און דאָבראָליובאָוו. דער „השחר" איז אָבער ניט געווען קיין סאָציאַליסטישער זשורנאַל, און דער רעדאַקטאָר פון „השחר", איז זאָגאַר געווען אַ געגנער פון סאָציאַליזם. ער איז אָבער געווען אַ גרויסער פאַרערער פון טאַלאַנט און האָט דעריבער געגעבען פּלאַץ פאַר טאַלאַנטפולע סאָציאַליסטישע אַרטיקלען. די אַרטיקלען זיינען אָבער געווען צופעליגע. די אידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג איז נאָך ניט געווען אָרגאַניזירט. אידישע סאָציאַליסטען, אויסער אהרן זונדעלעוויץ, האָבען זיך בכלל ניט געהאַלטען פאַר אידען. אהרן ליבערמאַן אָבער האָט געזוכט צו אָרגאַניזירען די אידישע מאַסען און צו ריידען צו זיי אין זייער שפּראַך און ער האָט געדענקט, אַז העברעאיש איז דער פּאַסענדער מיטעל צו דערגרייכען די אידישע מאַסען. ער איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָרגאַניזירט אַ ברייטע סאָציאַליסטישע באַוועגונג צווישען אידען.

איידער ליבערמאַן האָט ארויסגעלאָזען די פּראָקלאַמאַציע „אל שלומי בחורי ישראל", האָט ער, זייענדיג אין בערלין, געגרינדעט אַ אידישע סעקציע פון סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל. ער האָט דערנאָך געגרינדעט דעם ערשטען אידיש־סאָציאַליסטישען פאַראיין, וואָס האָט געציילט 37 מיטגלידער.

אויסער ליבערמאַן און ל. גאָלדענבערג, זיינען די איבעריגע מיטגלידער געווען אַרבייטער. דער פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרען אין לאָנדאָן דעם 20טען מאַי, 1876.

אין די אַרכיוועןפון דעם צענטראַלען קאָמיטעט פון „בונד" געפינט זיך דער ערשטער אָריגינעלער פּראָטאָקאָל־בוך פון פאַראיין. ער איז געשריבען געוואָרען פון ליבערמאַנ'ען אליין אין אַ שיינער, ריינער האַנדשריפט. דער פּראָטאָקאָל־בוך הייסט מיט'ן העברעאישען נאָמען „פנקס", און אַלס אויפשריפט: „פנקס אגודת הסאָציאַליסתים העברים, ניסדה כ"ו איר, תרל"ו (8) 20 מאַי, 1876" (דער זשורנאַל פון דעם פאַראיין פון די אידישע סאָציאַליסטען, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען דעם 26טען טאָג אין חודש איר, אין דעם יאָר 5 טויזענד זעקס הונדערט זעקס און דרייסיג, לויט אידישער צייטרעכענונג, און דעם 8טען מאַי, לויט די רעכענונג פון אַלטען רוסלאַנד). עס איז שוין אַ קימא לן פון 58 יאָר זינט דער ערשטער אידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרען.

די סטאַטוטען פון פאַראיין זיינען זעהר אינטערעסאַנט. דאָ ווערען איבערגעגעבען בלויז אַ פּאָר אויסציגע. די זיצונגען זיינען געפירט געוואָרען אין אידיש, אָבער די תקנות (סטאַטוטען) זיינען געשריבען אין העברעאיש און אין אידיש. די אויסציגע זיינען דאָ איבערגעגעבען ככתבה וכלשונה, מיט דער שפּראַך פון דעם „פנקס", אַפילו מיט די גרייזען.

„מיר זיינען איבערציינגט אַז די האָדרנונג וואָס הערשט איצט אין אַלע לענדער איז מעהר ניט, ווי גזלה אין אינרעכט... זאלאנג די מענשען וועלען זיין געטיילט אויף פעלקער און געשלעכטער, וועט אַלץ זיין צווישען זיי שנאת חנם... די ווירקליכע רעטונג פון אַלע מענשען, קען עררייכט ווערין נור דורך אַ גרינדליכע אומוואַנדלונג אין די פּאָליטישע עקאָנאָמישע אין געזעלשאַפטליכע פערהעלטניסע... מיר אידען זענען אַ טייל פון דער מענשהייט. דאריבער קען אונז ניט קומען קיין ישועה, ווי דורך די ערלעזונג פין דער גאַנצער מענשהייט... די ערלעזונג פין גאַנצער מענשהייט פון עלענד אין שקלאַפעריי, קען באַווירקט ווערין נאָר דורך די אַרבייטער אַליין... די אַרבייטע פין איירא‏פּא און אַמעריקע גרייטען זיך צו רעוואָלוציאָן אום צי גרינדען די הערשאַפט פון אַרבייטער־סאָציאַליזם (סאָציאַליזם העבודה)... האָבען מיר יידישע קינדער דאריבער באַשלאָססען זיך אָנצושליססען ברידערליך אָן דעם הייליגען אַרבייטער בונד."

דער פאַראיין האָט עקזיסטירט זיבען מאָנאַטען, ביז וואַנען ליבערמאַן איז אַוועקגעפאָרען פון לאָנדאָן. דאָס איז געווען דער ערשטער אידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין אויף דער וועלט.

ליבערמאַן איז געקומען אין לאָנדאָן, נאָך אַ פּאָר יאָר אַרבייט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער איז געווען אַ מיטגליד פון אַ געהיימען קרייז פון סאָציאַליסטען, וואָס האָט זיך געגרינדעט אין ווילנע, אָן דער שפּיצע פון וועלכען עס איז געשטאַנען אַ חבר פון ליבערמאַנען — אהרן זונדעלעוויץ. וועגען אָט דעם קרייז שרייבט אב. קאַהאַן אין דעם בוך „בלעטער פון מיין לעבען":

„אַז אין ווילנע איז פאַראַן אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע, האָבען די שטאָטלייט אין אַלגעמיין אויך געוואוסט. נאָך מיט עטליכע יאָר פריער, אין אַ חול־המועד פסח, האָט געקאָכט מיט דעם אַרעסט פון אַ גרופּע אידישע רעוואָלוציאָנערען. שפּעטער האָט מען געהערט וועגען אַ ווילנער יונגענמאַן

מיט'ן נאָמען אהרן זונדעלעוויץ, אַז ער איז איינער פון די גרעסטע רעוואָלוציאָנערען. זיין פאָטער האָט געהאַלטען אַ געשעפט אין רעכטען מיטען שטאָט און די פאַמיליע איז געווען גוט באַקאַנט."

אב. קאהאַן דערציילט, ווי ער האָט זיך באַקענט מיט זונדעלעוויץ'עס אינגסטען ברודער, לעאָן, און ווי ער איז ביסלעכווייז אריינגעצויגען געוואָרען אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אויף זייט 417 פון דעמזעלבען בוך דערציילט גענאָסע קאהאַן, אַז „קוויטקאָווסקי, זונדעלעוויץ און איינער מאַזאראָוו זיינען געווען די, וואָס האָבען אריינגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז מען מוז טויטען דעם קייזער", און אויך אַז „דער פּראָצעס פון די 16 האָט זיך געענדיגט מיט אַן אורטייל פון טויט פאַר עטליכע פון די גע'משפּט'ע און קאַטאָרגע פאַר די איבעריגע. דעם טויט־אורטייל האָט מען פאַרביטען אַלעמען אויסער צוויי — קוויטקאָווסקי'ן און פרעסניקאָוו'ן. זונדעלעוויץ איז געווען פון די, וואָס מען האָט דעם טויט־שטראָף פאַרביטען. מען האָט אים פאַרשיקט אויף לעבענסלענגליכע קאַטאָרגע. מיט זונדעלעוויץ'עס פּראָצעס און אורטייל האָט מען זיך גע־שושקעט איבער'ן גאַנצען שטאָט".

מען קען דאָ אויך צוגעבען, אַז זונדעלעוויץ איז באַפרייט געוואָרען פון קאַטאָרגע ערשט אין יאָר 1905.

זונדעלעוויץ האָט געאַרבייט אין דער אַלגעמיינער באַוועגונג אין רוס־לאַנד. ער האָט אָבער אויך ניט פאַרגעסען דעם אידישען פאָלק. אַזוי ווי קיין ארבייטער־קלאַס איז נאָך דאַן ניט געווען, האָט זונדעלעוויץ פּראָפּאַ־גאַנדירט סאָציאַליזם צווישען אידישע אינטעליגענטען. ווי בורגין באַהויפּטעט אין זיין „געשיכטע פון דער אידישער ארבייטער־באַוועגונג", האָט דער באַ־וואוסטער שרייבער קראַווטצינסקי (סטעפּניאַק) געשילדערט זונדעלעוויץ'ען אין זיין ראָמאַן „אַנדרעי קאַזשוכאָוו", אונטער'ן נאָמען דאַוויד. דאַוויד טראַכט אַלץ וועגען דעם, ווי צו פאַרבעסערען די לאַגע פון אידישען פאָלק. זונדעלעוויץ האָט אָבער מער געהאַלטען פון אידיש, אַלס מיטעל ווי אויפצו־הויבען די אידישע מאַססען. ליבערמאַן, זיין נאָענטער פריינד, איז געווען אַ העברייער. אויף אים האָט מען געזאָגט, אַז ער איז באַרייט מקריב צו זיין זיך פאַר אַ „דגש" (אַ פּינטעלע אין העברעאישער גראַמאַטיק), ווי פאַר דער רעוואָלוציע.

בכלל איז ליבערמאַן געווען אַ מענש מיט זעהר אַ קאָמפּליצירטען כאַ־ראַקטער. זיין גאַנצע קאַריערע איז געווען רווישענד. יונג איז ליבערמאַן געשטאָרבען. ער האָט געלעבט אין גאַנצען 36 יאָר. קורץ איז געווען זיין לעבען, אָבער פיל האָט ער אין זיין קורצען לעבען דורכגעמאַכט.

עס זיינען דאָ פאַרשיידענע ווידערשפּרוכען אין די דאַטעס, וואָס מען גיט אָן, ווען ער איז געבאָרען געוואָרען. אַנדערע גיבען אָן די יאָרען 1846, 1845, 1847 און 1844. איך גלויב אָבער, אַז די דאַטע קען איצט פעסט־געשטעלט ווערען פּינקטליך. עס איז דאָ אַ העברעאישער בוך, וואָס זיין טאַטע, אליעזר דוב ליבערמאַן, האָט פאַרפאַסט אין יאָר תרי"ד, דאָס הייסט, אין יאָר 1854. דער בוך הייסט „מגלת ספר". דאָרטען זיינען אויך דאָ בריף, וואָס דער טאַטע ליבערמאַן האָט זיך דורכגעשריבען מיט פאַרשיידענע העברעאישע שרייבער. אין יענעם בוך איז אויך דאָ אַ טשיקאַווער בריף פון פאָטער צום זון. דער בריף איז טשיקאַווע דערמיט, וואָס דער טאַטע רעדט דאָרטען וועגען די ביסעל רייכע, וואָס הערשען אויף דער וועלט,

„השרידים אשר החצלחה הגדילה לעשות עמהם", און די מאַסען אָרעמע־ לייט, וואָס קייקלען זיך אין מאַטערנִיש פאַר'ן שטיקעל ברויט, „בני אָדם אשר תחת שואה יתגלגלו להביא לחיים". דער בריוו הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „אלקים יחנך בני יקירי, מחמד בת עיני, אהרן שמואל, בני, בני גם כי עודך נער בן עשר שנים, בינה יתירה נתנה לך הטבע" (גאָט זאָל דיך ליב האָבען, מיין טייערער זון, וואָס איז מיר טייער, ווי דער שוואַרצאַפּעל פון מיין אויג. מיין זון, מיין זון, אויב אפילו דו ביזט נאָך מער ניט ווי צען יאָר, האָט אָבער די נאַטור דיר געשאָנקען מיט גרויס פאַרשטאַנד." אַלזאָ, ווען דער בוך איז געשריבען געוואָרען, איז דער קליינער אהרן שמואל אַלט געווען צען יאָר, און דאַריבער קען מען מיט געוויסהייט פעסטשטעלען, אַז ליבערמאַן איז געבאָרען געוואָרען אין יאָר 1844.

ווען ליבערמאַן איז געבאָרען געוואָרען, איז נאָך זיין טאַטע ניט געווען קיין העברעאישער שרייבער. דער טאַטע זיינער איז דאַמאָלס געווען א פרומער פרוש. מיט דער צייט איז זיין טאַטע אַליין געוואָרען דאָס, וואָס מען רופט אַן אפיקורס. ער האָט אוועקגעוואָרפען לערנען און האָט זיך גענומען פאַר אויפקלערונג. עס זיינען געווען צייטען, ווען דער זון איז געווען פרימער פון טאַטען.

### .3

ליבערמאַן איז געבאָרען געוואָרען אין יאָר 1844, אין דער שטעטעל לונע, גראָדנער גובערניע, וואָס ליגט ביי דעם טייך ניעמאַן. די שטעטעל לונע האָט געהאַט פאַר א רב איינעם א רבי איצעלע. רבי איצעלע איז געווען א גרויסער למדן ניט נאָר אין „נגלה" און ש"ס און פוסקים; ער איז אויך געווען א למדן אין „נסתר", אין דער געהיימער לערע פון קבלה. רבי איצעלע האָט גענומען א וואויל־לערנענדען פרוש פאַר אַן איידעם. דאָס איז געווען אליעזר דוב ליבערמאַן. ביי דעם איידעם פון רב, ביי לייזער בער ליבערמאַן, איז געבאָרען געוואָרען דער גאונישער אינגעל, וואָס איז שפּעטער געוואָרען דער באַשאַפער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג צווישען אידען, אהרן שמואל ליבערמאַן.

דער טאַטע, לייזער בער, איז אוועק פאַטראַנעווען נאָך דער חתונה. ער האָט פאָרטגעזעצט זיין לערנען תורה ביז וואַנען ער האָט זיך „איבערגעקור־ ליעט", ביז ער איז „נתחמץ" געוואָרען. דער יונגער אהרן האָט זיך גע־ האָדעוועט ביי זיין זיידען, דעם רב. דער זיידע האָט איבערגעלאָזען אַן איינפלוס אויף ליבערמאַנ'ען אויפ'ן גאַנצען לעבען.

ווי עס איז שוין פריער אָנגעמערקט געוואָרען, איז דער זיידע געווען א מקובל. די קבלה פילט אָן די הארץ מיט מאָדנע געפילען. מען פאַרגעסט די רעאַלע וועלט, און די נשמה געפינט זיך שטענדיג אין אַן עקסטאַז און באַגייסטערונג פון דעם „אין סוף", פון דעם אומענדליכען וועזען, וואָס פילט אָן די גאַנצע וועלט. דער זיידע האָט מיט דעם יונגען אינגעל געלערענט ניט נאָר תנ"ך און גמרא, נאָר ער האָט אים אויך באַקענט מיט די „עשר ספירות", מיט די צען צאָלען, אָדער, ריכטיגער, מיט די צען ספערען פון קבלה, און דער יונגער אינגעל איז געווען אין די הויכע וועלטען, אין די „עולמות העליונים". זיין גאַנצען לעבען איז ליבערמאַן געבליבען א מיסטיק. ווען אפילו ליבערמאַן איז שוין געוואָרען א רעאַליסט, וואָס קוקט מיט אָפענע

אויגען אויף דער וועלט, ווען ער איז שוין געוואָרען אַ קעמפּענדער סאָ־ציאַליסט, איז נאָך ביי אים געבליבען אַ סליאַד פון קבלה־לערע. ליבערמאַן איז געווען אַ מייסטער שפּעטער נאָכצומאַכען קבלה־ספרים, און אויך דעם סאָציאַליזם האָט ער געפּרעדיגט אין קבלה־לשון. צוויי נשמות האָבען אין אים געלעבט: די נשמה פון אַ רעאַליסט און די נשמה פון אַ מיסטיק, און די דאָזיגע צוויי נשמות פלעגען מאַנכעס מאָל גאָרניט לעבען בשלום.

צו זעקס יאָר האָט שוין דער יונגער אהרן געוואוסט גאַנץ תנ"ך, און צו זיבען יאָר האָט ער שוין געלערענט גמרא מיט שווערע תוספות און מהרש"א. ער איז אָבער געווען ניט נאָר אַ וואויל־לערנער, נאָר אויך אַ שרעק־ליכער קונדעס. ער פלעגט דערקוצען דעם זיידען אי מיט קשיות אי מיט זיינע שטיפעריייען.

גראַד האָט זיך געמאַכט, אַז די גבירים פון דער שטעטעל לונע, די אַרקינס, האָבען אַראָפּגעבראַכט אַ גוטען מלמד פאַר זייערע קינדער, און דער זיידע האָט גע׳פּועל׳ט ביי די אַרקינס, אַז זיי זאָלען צונעמען דעם קליי־נעם אהרן שמואל׳ן פאַר אַ חבר צו זייערע קינדער. און אהרן שמואל האָט אָנגעפאַנגען צו לערנען ביי אַ מלמד.

דער נייער מלמד איז געווען אַ „געכאַפּטער אויף דער מעשה". ער האָט שוין פאַרזוכט דעם טעם פון השכלה. ער האָט שוין געלייענט די נייע העברעאישע ביכלאַך, די „טריף פסול". נאָר די ביכלאַך האָט ער געלייענט ווען קיינער האָט ניט געזעהן. ער פלעגט זיי לייענען אין געהיים. אָפען איז ער געווען אַ פרומער איד מיט אַלע פרומע אידען צוגלייך. ער האָט געפירט אַ סטאַטעטשנעם לעבען. אָבער פאַר דעם קליינעם קונדעס, אהרן שמואל, האָבען קיין געהיימניסע ניט געקאָנט זיין. ער האָט דער־טאַפּט, אַז דער רבי לערענט עפּעס מאָדנע ביכלאַך, און אַז דער רבי מעג, מעג דער תלמיד אודאי און אודאי. און דער תלמיד האָט פּאָטשאַפּעט ביי דעם רבי׳ן דעם אפּיקורסישען העברעאישען ביכעל „הצופה לבית ישראל" (דער אידישער בעאָבאַכטער) פון דעם באַרימטען גאַליציאַנער משכיל, דאָקטאָר יצחק ערטער. דער תלמיד האָט פאַרשפּראָכען, אַז ער וועט דאָס האַלטען בסוד.

דאָקטאָר ערטער איז פון די באַרימטע אידישע סאַטיריקער. גרעטץ, דער אידישער היסטאָריקער, רופט אים דער העברעאישער היינע. די סאַ־טירעס פון ערטער זיינען שאַרף און וויציג. אָבער דער צען יאָריגער אינגעל האָט אַלץ פאַרשטאַנען. מען קען זיך פאָרשטעלען, וואָס פאַר אַ גייסטיגע איבערקערעניש דאָס ביכעל האָט געמאַכט אויף דעם יונגען אינגעל. די השפּעה פון ערטער׳ן איז געבליבען אויף ליבערמאַנ׳ען אויף שטענדיג.

דערוויל איז ניט נאָר דער זון אָנגעשטעקט געוואָרען פון השכלה, נאָר אויך זיין טאַטע, לייזער. לייזער האָט אַוועקגעוואָרפען לערנען און איז געוואָרען אַ משכיל. ער האָט אָבער מורא געהאַט, אַז זיין זון וועט בלייבען אָן אַ געהעריגער ערציאונג. ווי איבערראַשט איז ער אָבער געוואָרען, ווען ער האָט באַקומען פון זיין צען יאָריגען אינגעל אַ העברעאישען בריף, שיין געשריבען און מיט אַ טאָלק. דער טאַטע האָט דעמאָלס אַרויסגעגעבען אַ ביכעל, וואָס הייסט, „מגלת ספר", ווי עס איז אָנגעדייטעט געוואָרען, מיט איבערזעצונג פון דייטש. דאָרטען איז אויך געדרוקט זיין בריף צו זיין צען־יאָריגען זון, וועמען די נאַטור האָט באַשאָנקען מיט גרויסען פאַרשטאַנד („הטבע נתן לך בינה יתירה").

דערווייל איז דער רב פון שטעטל געשטאָרבען. מען האָט געוואָלט איבערגעבען די רבנות צו זיין איידעם, אהרן שמואל׳ס פאָטער. נאָר וואו! דער טאַטע איז שוין געווען ווייט פון רבנות. ער איז געקומען אין לונע. ער איז אָבער דאָרטען ניט פארבליבען. ער איז אריבערגעפאָרען קיין סובאלק מיט זיין גאַנצער פאַמיליע. ער האָט אויסגעטאָן זיין רבנישע קאַפּאָטע און איז געוואָרען מיט לייטען צוגלייך.

דער טאַטע האָט זיך פיל אָפּגעגעבען מיט דער ערציאונג פון זיין זון. צו זעכצען יאָר איז דער יונגער ליבערמאַן אָנגעקומען אין דריטען קלאַס פון ווילנער ראַבינער־שול. דאָרטען איז ער געוואָרען דער ליבלינג פון אַלעמען. ליבערמאַן האָט אָנגעהויבען פלייסיג צו לייענען די רוסישע ליטעראַטור. ער האָט געלייענט ביעלינסקי׳ן, פּיסארעוו׳ן, דאָבראָליובאָוו׳ן און אויך טשערנישעווסקי׳ן. די זריעה פון סאָציאַליזם האָט שוין געבראַכט גוטע שפּראָצונגען אין ליבערמאַנ׳ען, ווען ער איז נאָך געווען אין דער ראַבינער שול אין ווילנע.

ליבערמאַן האָט אויך געלייענט לאַווראָוו׳ען. אַ באַזונדער שטאַרקען איינדרוק האָט אויף אים געמאַכט דער באַרימטער בוך פון לאַווראָוו׳ען (מירטאַוו) „די היסטאָרישע בריף“.

זיין באַוואונדערונג פאַר לאַווראָוו׳ען קען מען זעהן פון דעם פאַקט, וואָס ווערט דערציילט אין „פערעזשיטאָיע“, ערשטען באַנד. ליבערמאַן האָט געשיקט אַמאָל לאַווראָוו׳ען זיין היטעל, מיט דער באַמערקונג, אַז ער קען, ליידער, ניט שיקען זיין קאָפּ, און דערפאַר באַנוגענט ער זיך מיט זיין היטעל. אין אָט דער כאַראַקטעריסטישער באַמערקונג זעט מען דעם גאַנצען ליבערמאַן, מיט זיין גאַנצען דאָן־קיכאָטישען כאַראַקטער.

ליבערמאַן האָט געענדיגט די ראַבינער־שולע מיט אַ גוטען אַטעסטאַט. צו יענער צייט האָט ער אויך חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון אַ ווילנער באַלעבאָס, ר׳ משה טראָצקי, ביי וועמען ער האָט די גאַנצע צייט פון זיין שטודיום אין ראַבינער שולע געוואוינט. צוויי יאָר נאָך זיין חתונה האָט ער געעפענט אַ שולע אין סובאַלק פאַר העברעאישע און אַלגעמיינע לימודים. ווי זיין פאַמיליע־לעבען איז געווען, קען מען ניט וויסען. פון איין זייט איז ער געווען איבערגעגעבען זיין פאַמיליע, און שוין זייענדיג אין דער פרעמד, האָט ער שטענדיג קאָרעספּאָנדירט מיט זיין פרוי און געלערענט זיינע קליינע קינדער סאָציאַליזם דורך קאָרעספּאָנדענץ; פון דער צווייטער זייט, האָט ער אָבער געפירט ראָמאַנען מיט אַנדערע פרויען. ער איז איבערהויפּט געווען אַ מענש מיט ווידערשפּרוכען.

אין דעם יאָר 1869 איז ליבערמאַן אָנגעקומען אין טעכנאָלאָגישען אינסטיטוט. דאָרטען האָט ער זיך נעענטער באַקענט מיט׳ן סאָציאַליזם, און ער איז געוואָרען אַקטיוו אין דער באַוועגונג. זייענדיג אַ סאָציאַליסט, האָט ליבערמאַן קיינמאָל ניט אויפגעגעבען זיין ליבע צו העברעאיש. שוין אין דער ראַבינער שול האָט ליבערמאַן געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ העברעער, און דער לערער פון דער ראַבינער שול, דער באַוואוסטער העברעאישער פּאָעט אָדם הכהן לעבענסאָן, אָדער ווי די ווילנער אידען פלעגען אים רופען פאַר זיין אפּיקורסות, „בערקע מיכיילישקער“, פלעגט שטענדיג לויבען ליבערמאַנ׳ס העברעאיש. זייענדיג אין טעכנאָלאָגישען אינסטיטוט, האָט ער פאַרפאַסט אין העברעאיש אַ געאָגראַפיע פון ארץ ישראל מיט׳ן נאָמען „מחקרי ארץ כנען“. דער בוך איז פאַרניכטעט געוואָרען. ניט נאָר האָט

ליבערמאַן געהאַט אַ ליבע צו העברעאיש, נאָר אויך צו די לאַנד פון העברעאיש, צו ארץ ישראל. אין יענע יאָרען זיינען נאָך קיין ציוניסטען ניט געווען. עס זיינען נאָך אפילו ניט געווען קיין חובבי ציון, די פּאַלעסטינצעס.

אין טעכנאָלאָגישען אינסטיטוט האָט זיך ליבערמאַן גע׳חבר׳ט מיט די ערשטע גרופּעס פון נאַראָדאָוואָלצעס, וואָס האָבען זיך גענומען גרינדען. ער איז געוואָרען אַן אַקטיווער רעוואָלוציאָנער. ביי די מייסטע רעוואָלוציאָנערען איז דער גאַנצער אידישער פאָלק באַטראַכט געוואָרען אלס אַ פאָלק פון אומפּראָדוקטיווע עלעמענטען. ליבערמאַן איז אויך געווען מיט דער זעלבער מיינונג. ער האָט אָבער צו גוט געוואוסט דעם אידישען לעבען און ער האָט געקאָנט די אידישע געשיכטע. ער האָט ניט פאַרלייקענט אידישע חסרונות. ער איז אָבער געווען באַגייסטערט פון אידישען אידעאַליזם. ער האָט באַוואונדערט די אידען, וואָס טראָגען אַלע זייערע צרות, איז נאָך ביי זיי געבליבען אַ שטרעבונג צו בילדונג. באַזונדערס האָט ער פאַרגעטערט די אידישע קלויזניקעס, די אידעאַליסטען, וואָס גיבען אָפּ זייער לעבען פאַר תורה. צו מאַכען דיזע קלויזניקעס פאַר סאָציאַליסטען, האָט ער זיך געשטעלט אַלס זיין אויפגאַבע.

צוליב דעם, וואָס זיין שווער איז פאַראָרעמט געוואָרען, האָט ליבערמאַן געמוזט אויפגעבען זיין שטודיום אין טעכנאָלאָגישען אינסטיטוט. ער איז אַריבערגעפאָרען קיין ווילנע, וואו ער איז געוואָרען, וואָס מען רופט דאָ אַן אינשורענס אגענט. ער איז געוואָרען אַן אַגענט צו סטראַכירען הייזער און מאַיאָנטקעס פון פייער. אין פאַרבינדונג מיט זיין נייער באַשעפטיגונג, איז אים אויסגעקומען צו קומען אָפט אין באַרירונג מיט פּאָמיעשטשיקעס. ער האָט זיך אָבער אויך פאַרבונדען מיט פּויערים. צו גיין אין פאָלק איז דאַמאָלס געווען די לאָזונג פון די סאָציאַליסטען. ליבערמאַן האָט אָנגעהויבען אַגיטירען צווישען די פּויערים. מ׳האָט אים באַלד גע׳מסר׳ט. ער האָט זיך אָבער באַצייטענס אָפּגעטראָגען. ער איז אַנטלאָפען פון רוסלאַנד, גלייך קיין אויסלאַנד. ער איז שוין געווען אַרעסטירט. ער איז אָבער אַנטלאָפען פון קאָנוואָי.

אין די גרעסערע שטעט פון אויסלאַנד זיינען שוין דאַמאָלס אויך געווען אידישע סאָציאַליסטישע קרייזלאַך. איינער, אַ געוויסער י. ק. פון קיעוו (ס׳מוז זיין קאַמינסקי), באַשרייבט אין דעם העברעאישען זשורנאַל „השלח“, באַנד 17, 1907, דעם לעבען פון די דעמאָלטיגע אידישע סאָציאַליסטען אין אויסלאַנד אין זיין אַרטיקעל „ניהיליסתים עברים בשנות השבעים“ (אידישע ניהיליסטען אין די זיבעציגער יאָרען). ער באַשרייבט זייער אַרט לעבען. פילע פון די אימיגראַנטען פלעגען ארבייטען אין די בערלינער זאַוואָדען אַלס לוין־אַרבייטער, כדי זיך צו באַקענען מיט דעם לעבען פון אַרבייטער. זיי האָבען געלעבט זעהר אָרעם, און זיי פלעגען גיין מיט צושויבערטע האָר און פאַרלאַטעטע קליידער. זיי זיינען אָבער געווען באַגייסטערט פאַר׳ן סאָציאַליזם, און זיי האָבען אויף די „הבלי עולם הזה“ ניט מקפיד געווען. צווישען יענע קרייזלאַך זיינען שוין געווען אקסעלראָד, די ברידער לעווענטאַל, אהרנסאָהן, גאָץ און אַנדערע. צווישען דיזע אימיגראַנטען איז ליבערמאַן שוין געווען באַוואוסט. זיי האָבען אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, ווען ער איז אָנגעקומען אין בערלין. אין בערלין האָט ער געגרינדעט די אידישע סעקציע פון סאָציאַליסטישען אינטערנאַציאָנאַל, ווי עס איז שוין פריהער אָנגעדייטעט געוואָרען.

פון בערלין איז ליבערמאַן אַוועק נאָך לאָנדאָן, וואו ער איז אָנגעקומען אַרבייטען אין לאַווראָוו׳ס זשורנאַל „וופּעריאָד“. דאָרטען האָט ער געגרינדעט דעם ערשטען אידישען סאָציאַליסטישען פאַראיין. דאָרט האָט ער אויך אַרויסגעגעבען זיין באַרימטע פּראָקלאַמאַציע „אל שלומי בחורי ישראל“.

די פּראָקלאַמאַציע איז געשריבען געוואָרען אונטער׳ן איינפלוס פון „די היסטאָרישע בריף“ פון לאַוורָאָוו. אין דער פּראָקלאַמאַציע ווענדעט זיך ליבערמאַן צו דער אידישער אינטעליגענטער יוגענד. ער וואָרענט זיי, ניט אָפּצוגעבען זייערע כוחות צו דער איצטיגער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג. „ביי דער איצטיגער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג איז מעגליך בלויז איין פּראָגרעס, דאָס איז דער פּראָגרעס, וואָס איז געבויט אויף עקספּלואַטאַציע“... און דאָס פאָלק הויבט שוין אָן צו פאַרשטיין, און אויך דאָס אידישע פאָלק הויבט שוין אָן צו פאַרשטיין זיין לאַגע“. מיט אַ בליק פול מיט צאָרן זאָגט ער צו דער אינטעליגענץ און צו די פרומע צבוע׳קעס: „פון אונזערע ליידען, פון אונזערע יסורים האָט איר באַשאַפען פאַרגעניגענס, און אונז האָט איר איבערגעלאָזען ביטערע נויט און אָרעמקייט“. „מיר זאָגען אייך: עס וועט זיך פאַנאַנדערפלאַקערען אַ קאַמף צווישען אַלע פעלקער פון דער וועלט. די פּראָלעטאַריער פון דער וועלט קלייבען זיך אָראָפּצוּוואַרפען דעם יאָך פון קאַפּיטאַל און פון רעגירונג“. „גיי־זשע אין פאָלק, האָרעווע מיט אים, לייד מיט אים, וועק אים, באַגייסטער די און שטאַרק די אַנדערע“. „זאָל איינפאַלען די אַלטע וועלט פון אומגערעכטיגקייט און אונטערדריקונג אונטער די קלעפּ פון די קעמפער פאַר רעכט און פרייהייט, און אויף די חורבות פון דער פאַרפוילטער וועלט וועט קומען די ליכט פון פרייהייט, אונטער דער פאָן פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע“.

דאָס זיינען בלויז אויסציגע פון דער פּראָקלאַמאַציע. די שיינע קלאַנגען פון דער העברעאישער שפּראַך קענען דאָ ניט איבערגעגעבען ווערען. די פּראָקלאַמאַציע האָט געמאַכט אַ רושם ניט נאָר צווישען קלויזניקעס, נאָר אויך צווישען אַנדערע עלעמענטען.

ריידענדיג וועגען זיין סאָציאַליסטישער ענטוויקלונג, זאָגט ווינטשעווסקי אין זיינע זכרונות: „ועל כולם האָט ליבערמאַנ׳ס מאַניפעסט פאַרענדיגט די אַרבייט וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען אין אַריאַל מיט טשערני־שעווסקי׳ן „טשטאָ דעלאַט“. דער איינפלוס פון ליבערמאַנע׳ן אויף ווינטשעווסקי׳ן איז איבערהויפּט געווען געוואַלדיג גרויס. ליבערמאַן איז געווען ווינטשעווסקי׳ס רבי ניט אין דעם הינזיכט אַליין.

## .4

אין לאָנדאָן איז ליבערמאַנ׳ען אויסגעקומען צו פירען אַ קאַמף געגען אָרטאָדאָקסישע אידען, וועלכע האָבען אים באַטראַכט פאַר אַ מיסיאָנער. אויך דער באַוואוסטער מגיד דיינאָוו, וואָס האָט אַליין געליטען פון פאַנאַטיקער, האָט אָנגעפאַנגען צו פאַרפאָלגען דעם נייעם אפּיקורס, אהרן ליבערמאַן. דער קריג איז אָן פאַר זיך זעהר אינטערעסאַנט. דיינאָוו באַפאַלט ליבערמאַנען אין „החבצלת“ מיט די ערגסטע זלזולים. איבערצוגעבען אַלע איינצעלהייטען פון קריג, וואָלט פאַרנומען צופיל פּלאַץ.

אין יאָר 1875 האָט ליבערמאַן פאַרעפענטליכט אין „השחר“, אין איי־ניגע פאָרטזעצונגען, זיין באַרימטעס ווערק „חזות הכל“ (אַן אַלגעמיינער

איבערבליק). ער שרייבט זיך דאָרטען אונטער דניאל „איש־חמודות (לי־בערמאַן). דער פעליעטאָן איז אַ בייסענדע סאַטירע אויף דעם גאַנצען אידישען לעבען. ער שטעלט דאָרטען אַוועק דעם פסוק פון דניאל: „הוא גלא עמוקתא ומסתרתא מה בחשוכא עמה שרא“. ער האָט ענטדעקט די טיפענישען און וואָס עס טוט זיך אין דער פינסטער און די ליכט איז ביי אים געוועזן“.

דער פעליעטאָן איז געשריבען געוואָרען אונטער׳ן איינדרוק פון יצחק ערטער. ער שטעלט דאָרטען פאָר איינעם, וואָס מען מ׳האָט געדענקט, אַז ער איז געשטאָרבען. אָבער ער האָט געלעבט, און דערווייל, אין היהנער־פלעט, האָט ער זיך צוזאַמענגערעדט מיט׳ן שטן, און ער דרינגט אריין אין אַלע געהיימניסע. און די געהיימניסע דעקען אויף די צבוע׳טסטוואָ און פאַרדאָרבענהייט פון גאַנצען לעבען. דער שטן באַווייזט אים ניט נאָר דעם ריכטיגען געשטאַלט פון פילאַנטראָפיע, פון מסחר, פון פאַבריקאַציע און אינדוסטריע. ער באַווייזט אים אויך די צבוע׳טסטוואָ פון דער ראַבינער שול, וואָס ליבערמאַן האָט אַזוי גוט געקאָנט. דער שטן ווייזט אים אויך אויף די פאַלשקייט פון פריוואַטען לעבען; ווי די פרוי באַוויינט דעם מת, נאָר ווען קיינער זעט ניט, און ווען דער בן מנן ליגט נאָך אויף דער ערד, באַטראַכטען די יורשים, וואָס מען קען ירש׳ענען. די גאַנצע ווערק איז גע־שריבען אין אַ וואונדערבאַרער שפּראַך.

פון לאָנדאָן איז ליבערמאַן אַוועקגעפאָרען קיין וויען צו רעדאַקטירען די סאָציאַליסטישע צייטשריפט „האמת“, וואָס די אידישע סעקציע האָט באַ־שלאָסען ארויסצוגעבען. אין וויען איז ער געקומען אונטער אַן ענגלישען נאָמען, אַרטור פרימאַן, און אונטער דעם נאָמען האָט ער אויך רעדאַקטירט דעם העברעאישען זשורנאַל „האמת“.

דער „האמת“ איז איצט אַ גרויסע זעלטענהייט. אין גאַנץ ניו יאָרק זיינען אפשר דאָ צוויי־דריי עקזעמפּליארען. אין דער פּאָבליק לייברערי איז ער ניטאָ. איין עקזעמפּליאַר געפינט זיך ביי דעם העברעאישען שרייבער טויזנער. עס איז כדאי אפילו איצט דעם זשורנאַל איבערצודרוקען. ער איז פול מיט אינטערעסאַנטע לעזע־מאַטעריאַל, וואָס מאַכען נאָך איצט אויך אַן איינדרוק.

אויף דער פאָדערבלאַט פון דער צייטשריפט ווערט געשריבען „מכתב עתי חדשי“, אַ מאָנאַטליכע צייטשריפט. עס ווערט אויך אָנגעגעבען דער אדרעס פון דער רעדאַקציע: אַרטור פרימאַן, פלאַססגאַססע 2, וויען 2. אלס דער אַגענט פאַר רוסלאַנד ווערט אָנגעגעבען: מיכאַלעווסקי, סיראָטסקאַיא אוליצאַ, ווילנא.

עס וואָלט געווען זעהר אינטערעסאַנט איבערצוגעבען דעם אינהאַלט פון יעדען אַרטיקעל. מען מוז זיך אָבער באַנוגענען מיט בלויז די אויסרע־כענונג פון די אַרטיקלען. אין ערשטען נומער גייען אריין: „די אידען־פראַגע“, אַ ליד, „פּאַרוואָס“, „די אידען אין אונגאַרן“, „דר. יאַקאָבי“, און ערציילונג, וואָס הייסט „טאָג׳ס פּאַסירונגען“, אַ פעליעטאָן, וואָס הייסט „ערב רב“ און ביבליאָגראַפיע. אין צווייטען נומער: „לעבענסקאַמף און די געזעלשאַפט“, אַ ליד „יעקב׳ס געזעץ“, די ענדע פון אַרטיקעל „די אידען אין אונגאַרן“, „דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען אין מיטעל־אַלטער“, ווידער אַ פּע־ליעטאָן, און ענטפערס פון דער רעדאַקציע. אין דריטען העפט: „וועגען דער פראַגע פון גאָפּעל און מעסער“, „ברויט־פראַגען“, דער באַרימטער ליד

פון דר. קאמינער, „דאָס ליד פון מטבע“, „די אידען אין לאָנדאָן“, „די טעאָריע פון מאקאוועלי“, „וועגען א פסוק אין תנ״ך“ און „באַלייכטונג פון דער פארגאנגענהייט“.

אויסער די לידער, האָט ליבערמאַן אליין געשריבען אלע ארטיקלען. די ארטיקלען זיינען געשריבען אי טאַלאַנטפול, אי טיף. באזונדערס צייכענען זיך אויס די פעליעטאָנען, פאראַדיעס אויף מדרש און קבלה. א שטיקעל מדרש לייענט זיך אזוי: „בשעה שאמר הקדוש ברוך הוא לי הכסף ולי הזהב ענו ואמרו מלאכי השרות: לך ד׳ הגדולה לך ד׳ הגבורה“ (ווען גאָט האָט געזאָגט: איך האָב גאָלד און זילבער, האָבען די מלאכים געענטפערט: דו ביזט גרויס, גאָטעניו, און שטארק). דער, וואָס איז באקאנט מיט׳ן סטיל פון מדרש, קען ווירקליך מיינען, אז אזא מדרש איז טאקע פאראן. עס איז אָבער בלויז א פאראָדיע.

עס איז בלויז איין פאראָדיע ארויסגעכאפּט. די איבריגע פאראָדיעס זיינען ניט ווייניגער שארפזיניג. באזונדערס איז שארפזיניג „מעשה שטן“, א פאראָדיע אויף קבלה. די לידער זיינען אויך שארפזיניג און אויסגעצייכענט. אָבער זיי זיינען שוין ניט ליבערמאַנ׳ס.

עס זיינען ארויס בלויז דריי העפטען פון „האמת“ און אָנגעמאכט א געוואלדיגען רושם צווישען די לעזער. מען פלעגט לייענען דעם זשורנאל אין די שורות און צווישען די שורות. די שרייבער האָבען מיט ענטוזיאזם אויפגענומען דעם נייעם זשורנאל. אפילו אזא שרייבער, ווי י. ל. גאָרדאָן, וואָס איז געווען ווייט פון סאָציאליזם, האָט אויך דעם זשורנאל באגריסט מיט באגייסטערונג. סמאָלענסקינ׳ען איז דער „האמת“ אָבער ניט געוואלדיג געפעלען געוואָרען. ערשטענס, האָט ער געזען אין ליבערמאַנ׳ען א קאָנ־קורענט, און, צווייטענס, איז סמאָלענסקין געווען א געגנער פון סאָציאליזם. ער האָט אָבער רעספּעקטירט ליבערמאַנ׳ען פאר זיינע גרויסע ידיעות און פאר זיין טאלאַנט.

די צייט פון ליבערמאַנ׳ס זיין אין וויען באשרייבט דער אויבענדער־מאָנטער קאמינסקי אין דעמזעלבען ארטיקעל אין „השלח“. ליבערמאַן האָט געהייסען אין וויען, צוליב פּאָליטישע צוועקען, פרימאַן, אָדער בר דרירא (פרייער מענש). „פרימאַן האָט אויסגעזעהן צו זיין אַלט א יאָר דרייסיג. ער האָט געשריבען און גערעדט איינינגע אייראָפּעאישע שפראכען. וואונדער־באר איז געווען זיין האנדשריפט, און זיינע בריף פלעגט דער ניהיליסט שריי־בען אויף די בעסטע פאפיר. ער איז געווען א ווייכער מענש און פלעגט ליבען שארפע וויצען. ער פלעגט אָבער לייכט אריינקומען אין כעס. און ווען ער איז געווען אין כעס, איז ער געווען גרויזאם. שטענדיג פלעגט ער האָבען א רעוואָלווער אין קעשענע. אז ער האָט עפּעס געדארפט שרייבען, פלעגט ער זיך פארשליסען אין צימער און פלעגט ניט ארויסגיין ביז וואנען ער איז געווען פארטיג. ער איז געווען שיין אויסערליך“.

מיט סמאָלענסקינען פלעגט ליבערמאַן זיך ארומקריגען איבער דער נאַ־ציאָנאַלער פראגע. ליבערמאַן האָט זיך געהאַלטען פאר א אסימילאַטאָר און געוואלדיגען אפּיקורס. עס איז אָבער מערקווירדיג, אז דער אפּיקורס ליבער־מאַן האָט ניט דערלאָזען א מיטינג פון דעם סאָציאליסטישען פאראיין אין דער נאכט פון תשעה באב. ער האָט אויך ניט געדרוקט ליליענבלומ׳ס וואונדערבארע זאך „משנת אלישע בן אבויה“, צוליב דעם וואָס ליליענבלום האָט ניט געוואָלט אויסמעקען, אז עס איז געשריבען געוואָרען אום יום כפור.

אין אַן ענטפער פון דער רעדאַקציע זאָגט ער, אַז אין רעליגיעזע אַנגעלעג־היטען וויל ער זיך ניט מישען און ער לאָזט יעדען איינעם זיין רעליגיעז, ווי ער וויל. און צו חסידים האָט ער אַ באַזונדערע ליבע, צוליב זייער אחדות. דעם ויידענ'ס לערע האָט ער איבערהויפּט ניט אין גאַנצען פאַר־געסען.

דער „האמת" איז צוערשט געשיקט געוואָרען אין רוסלאַנד לעגאַל. זינדעלאָוויץ פלעגט קריגען פּאַקעטען צוגעשיקט דורך פּאָסט אין ווילנע און פלעגט זיי צושיקען אין אַרומיגע שטעט. ליבערמאַנ'ס פּאָטער האָט אויך פיל געהאָלפען פאַרשפּרייטען דעם זשורנאַל. אין גיכען האָט אָבער די רעגירונג דערשמעקט, וואָס פאַר אַ זשורנאַל דאָס איז און האָט אים פאַר־באָטען אריינצוקומען. ליבערמאַן האָט געמאַכט פּראָבעס אַריינצושמוגלען דעם זשורנאַל אויף אַן אומלעגאַלען אופן. עס איז אים אָבער ניט געלונגען, און דער „האמת" האָט זיך געמוזט אָפּשטעלען, ווייל די מייסטע לעזער זיינען געווען אין רוסלאַנד.

דער אונטערגאַנג פון „האמת" האָט געהאַט אַ שלעכטע ווירקונג אויף ליבערמאַנ'ען. ער איז דערפון וואָכענלאַנג אַרומגעגאַנגען מרה־שחורה'דיג און פאַרצווייפעלט. ער האָט זאָגאַר אויפגעהערט צו באַזוכען דעם סאָציאַ־ליסטישען פאַראיין. אין גיכען האָט זיך אָבער ליבערמאַן צוריק גענומען צו סאָציאַליסטישער טעטיגקייט. די הויפּט־טעטיגקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געהאָלפען אַריבערפירען ניט־לעגאַלע ליטעראַטור. ער איז אָבער אַריינגעפאַלען אין די הענט פון דער עסטרייכישער פּאָליציי.

ליבערמאַן איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אַ געהיימען סאָציאַליס־טישען פאַראיין אין זשענעווע. דעם 17טען פעברואַרי האָט אַ רוסישער אינזשעניר איינער קלימאָוויטש געלאָזען דריי זעק מיט רעוואָלוציאָנערע לי־טעראַטור פאַר ליבערמאַנ'ען. די עסטרייכער שפּיאָנען האָבען געוואוסט, וואָס עס איז דאָ אין די זעק און אַז ליבערמאַן איז געקומען נאָך די זעק איז ער אַרעסטירט געוואָרען.

מען האָט געמאַכט אַן אָביסק ביי אים אין הויז, און מען האָט אויסגעפונען, אַז ער שטייט אין פאַרבינדונג מיט געפערליכע רעוואָלוציאָנע־רען, וועמענס אידייען זיינען זעהר שעדליך פאַר עסטרייך. מען האָט גע־פונען אַ בריף, וואָס איז אונטערגעשריבען באַטצקי, און דער באַטצקי איז אויך געווען דער נאָמען פון דאָקטאָר נאָבעלינג, וואָס האָט געמאַכט אַן אַטענטאַט אויף דעם לעבען פון דעם דייטשען קייזער. מען האָט פאַרהאַל־טען ליבערמאַנ'ען אַלס אַ געפערליכען אינטערנאַציאָנאַלען רעוואָלוציאָנער.

די אונטערזוכונג וואָס איז געפירט געוואָרען איידער דער משפט האָט זיך אָנגעפאַנגען האָט געדויערט מאָנאַטען. מען האָט געפּרואווט אויסגע־פינען אַלע זיינע פאַרבינדונגען. דעם 17טען נאָוועמבער, 1878, פונקט צוויי יאָר פאַר זיין טראַגישען טויט, האָט זיך אָנגעפאַנגען זיין משפט אין וויען. ליבערמאַן איז באַשולדיגט געוואָרען אין געהערען צו אַ רעוואָלוציאָנערען פּאַנ־סלאַווישען פאַראיין. ד. ה. אַ פאַראיין, וואָס וויל פאַראייניגען אַלע סלאַווישע לענדער, אַ זאַך, פאַר וואָס עסטרייך האָט זעהר מורא געהאַט. מען האָט אים אויך באַשולדיגט, אַז ער האָט געלעבט אויף אַ פאַלשען פּאַספּאָרט.

ליבערמאַן האָט קיין אַדוואָקאַט ניט געהאַט. ער האָט זיך אַליין פאַר־טיידיגט. אין דער „נייער פרייער פּרעסע" פון דעם 18טען נאָוועמבער, 1878 איז דאָ אַ סטענאָגראַפישער באַריכט פון דעם פּראָצעס, וואָס אונגער־

פעלד האָט קאַפּירט פאַר׳ן „הארץ“. די פאַרהאַנדלונגען זיינען אינטערע־סאַנט און פאַרכאַפּענד. ליבערמאַן האָט זיך געהאַלטען בראַוו. ער האָט ניט געלייקענט, אַז ער איז אַן עקסטרימער סאָציאַליסט, אָבער ער האָט באַוויזען, אַז ער האָט ניט איבערגעטראָטען עסטרייכער געזעצען. אויף פראַגען פון זיי־טיגע מענשען האָט זיך ליבערמאַן ענטזאַגט צו ענטפערען. דער געריכט האָט ליבערמאַנ׳ען באַפרייט פון דער הויפּט־באַשולדיגונג, אָבער האָט אים פאַר׳משפט אויף אַ מאָנאַט תפיסה דערפאַר, וואָס ער האָט אָנגעגעבען אַ פאַלשען נאָמען. מען האָט אים אויך פאַר׳משפט ארויסצושיקען פון עסט־רייך. פון אָנפאַנג האָט מען אים געוואָלט שיקען צוריק אין רוסלאַנד, אָבער דורך די באַמיהונגען פון איינפלוסרייכע מענשען האָט מען באַשלאָסען צו שיקען אים צום פּרייסישען גרעניץ.

אָנקומענדיג אין פּרייסען, איז ער אריינגעפאַלען, ווי מען זאָגט, פון אַ פייער אין אַ פלאַם. אין פּרייסען האָט מען אים ווידער ארעסטירט. מען האָט געוואָלט צוטשעפּען, אַז ער האָט געהאַט אַ האַנד אין דעם אַטענטאַט אויפ׳ן דייטשען קייזער. מען האָט געפונען ביי אים פאָטאָגראַפיעס און בריף, וואָס גורעוויטש, דער סעקרעטער פון דער אידישער סעקציע, האָט געשרי־בען צו ליבערמאַנ׳ען. מען האָט אים גע׳משפט צוזאַמען מיט גורעוויטש׳ען און אהראָנסאָנ׳ען, בערנשטיינ׳ס שוואָגער. ליבערמאַן איז פאַר׳משפט גע־וואָרען, ווידער אויף 15 מאָנאַטען.

נאָכדעם ,ווי ליבערמאַן איז באַפרייט געוואָרען, איז ער געפאָרען ווידער אין לאָנדאָן. דאָרטען האָט ער אויך צום ערשטען מאָל באַגעגענט ווינ־טשעווסקין.

דעם ערשטען איינדרוק, וואָס ער האָט געמאַכט אויף ווינטשעווסקי׳ן, איז געווען אַן אנגענעמער. ווי ווינטשעווסקי שרייבט אין זיינע זכרונות: „ליבערמאַן האָט אויסגעזעהן ווי אַן אינטעליגענט, וועלכער גיט די וועלט צו פאַרשטיין, אַז מען קען זיין אַ בר־דעת און דאָך האַלטען די נעגעל ריין, ווי פושקין זאָגט. ער האָט ניט נאָר געהאַלטען ריין זיין בערדעל, נאָר אויך די קליידער אויף זיך, דעם קערפּער אונטער די קליידער און זיין צונג אין מויל. ער איז געווען אַ מפונק סאַי אין גשמיות און סאַי אין רוחניות“.

דער ערשטער איינדרוק האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט. ווינטשעווסקי גיט צו פאַרשטיין, אַז ליבערמאַן האָט זיך ניט אויפגעפירט, ווי געהעריג איז. אין דער אמת׳ן האָט ווינטשעווסקי ליבערמאַנ׳ען פּשוט ניט פאַרשטאַנען. ווינטשעווסקי האָט געשריבען לידער און ליבערמאַן — ניט; אָבער פונ־דעסטוועגן איז ליבערמאַן געווען מער פּאָעט, ווי ווינטשעווסקי.

אין לאָנדאָן האָט ליבערמאַן איבערגעלעבט אַ שרעקליכע דראַמאַ. ניט נאָר האָט ער געליטען דערפון, וואָס ער האָט זיך פאַרליבט אין איינע וואָס ער האָט פריער געקענט; ער האָט אויך געליטען דערפון, וואָס דורך זיין פאַרזיכטיגקייט זיינען אריינגעפאַלען אומשולדיגע מענשען. ער האָט זיך ארומגעטראָגען מיט בריף און פאָטאָגראַפיעס, וואָס ער האָט געדאַרפט פאַר־ברענען. וועל כולם האָט זיך אָבער ווידער דערוועקט ביי ליבערמאַנ׳ען דער נאַציאָנאַלער און טיילווייז אויך דער רעליגיעזער געפיל. ער האָט געפּרואווט ווידער אויפלעבען דעם סאָציאַליסטישען פאַראיין. עס איז אים אָבער ניט געלונגען.

זיין געליבטע איז אָפּגעפאָרען אין אמעריקע און ליבערמאַן האָט זיך גלייך געלאָזען נאָך אמעריקע. אַ קורצע צייט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין

ניו יאָרק און האָט זאָגאר געהאַלטען א פאָרטראָג פאַר דעם העברעאישען פעראיין „שוחרי שפת-עבר“. ער האָט זיך געפּרואווט איינלעבען מיט די באַדינגונגען. עס איז אים אָבער ניט געלונגען.

די ווירקונג פון ניו יאָרק אויף אים קען מען זעהן פון זיין פעליעטאָן „דער דאָלאר“, וואָס מען האָט ביי אים געפונען. ער איז געוואָרען דאָ מעלאנכאָליש און איז געקומען צום שלוס, אז די גאנצע וועלט איז הבל־הבלים.

אין גיכען איז ליבערמאַן אָפּגעפאָרען אין סיראַקיוז, וואו ער האָט געפונען זיין טרויעריגע ענדע.

די שריפטען פון ליבערמאַנ׳ען זיינען צוואָרפען און צושפּרייט. פון דער וויענער טורמע האָט דר. בערקאָוויץ געראַטעוועט פילע מאַנוסקריפּטען און האָט זיי ארויסגעגעבען אין א בוך. אויך אין ארכיווען פון דער סיראַקיוזער פאָליציי געפינען זיך מאַנוסקריפּטען. וועלען זיי ווען עס איז געפינען א גואל?

---

# די סטאַטוטען פון ערשטען אידישען סאָציאַליסטישען פעראיין

(געשריבען אין העברעאיש)

---

# פ נ ק ס
# אגדת הסציאליסתים העברים
## בלונדון
## נוסדה כ״ו אייר ה׳ תרל״ו

רשימת חברי האגודה:

המיסדים הראשונים היו: א. ש. ליברמאן (איש חמדות); ליב (לואיס) וויינר; א. גולדשטיין; י. רוזנטאל; הירש (גיאורג) ספיר; אייזיק סטאון; אליעזר (לאצארוס) גולדנברג; זלמן יעקב (ג׳יקוב); לוונקיד; יעקב (ג׳יקוב) אלכסנדר.

באסיפה מיום השבת כ״ו אייר ה׳ תרל״ו בדירתו של האזרח וויינר.

אחרי אשר הראינו לדעת:

כי הסדרים אשר בכל הארצות כעתי רק עשק וחמס המה; אנשי הבצע, המושלים וכהני הדתות לקחו לנפשם את כל זכויות האדם ואת כל טוב הארץ . . . . .

כי כל עוד יהי לאנשים קנין מיוחד, לא יחדל אביון מקרב הארץ: כל אשר יחלקו האנשים לגוים ומשפחות, לא תסוף האיבה מביניהם, וכל אשר ישרו כהני הדת על דעת העם, לא תחדל קנאת הדת;

כי תשועת עולמים תקום לכל בני־האדם רק על ידי תכלית ההפוך והשנוי

בנמוסי המדינות, בחיי החברה, במשטרי האקנמיא ובכל דבר אשר בין אדם לחברו, להפוך מן השרש את הקיים כיום ולבנות תחתיו בנין חדש על יסודות הסציאליזמוס, למען התם שוד ואון, להכרית ממשלת הקאפיטאל, לא ישמע עוד בארץ „שלי" או „שלך" ולא ימצאו הולכי בטל, כי אם יהיו להאנשים שוים בזכיותיהם וכל איש יוכל לקנות שכל . . . . . יוכל להרבות כשרונותיו ולקחת על ידיהם חלק בשלמות הכלל;

כי בהיותנו אנחנו בני ישראל חלק מן כלל האנשים, על כן לא תוכל לצמח לנו ישועה, רק בהושע לכל־מין האדם;

כי גאולת כל־מין מעניו ועבדותו תוכל לבוא רק על ידי בעלי־המלאכה עצמם, בהיותם כלם אגדה אחת להשתער במלחמת תנופה על־כל עושקיהם כח, להרום את המשטרים הקיימים ולהקים תחתם את משטרי העבודה, היושר, החרות ואחות כל האנשים;

וכי כבר התחברו בעלי־המלאכה בכל ארצות ערבה * ואמריקה לחברות ואגדות, למען השג את המטרה הנעלה היאת ודבר הקשר הולך וחזק לקום בשעת הכשר ולכונן בארץ ממלכת סציאליזמוס — העבודה —

גמרנו אנחנו ילידי בני ישראל אמר:

להתחבר בברית אחים אל הברית הקדושה אשר כרתו ביניהם בעלי המלאכה — ולזה יסדנו

„אגדת הסציאליסתים העברים".

ובני האגדה הזאת שמו להם לקו, להיות האמת, היושר והמוסר נר לדרכם גם עם רעיהם וגם עם כל אדם, בלי הבדל הצבע, העם או האמונה, ולקיים את הסמנים האלה:

1. האגדה תתאמץ בכל עוז להפיץ דעת הסציאליזמוי בין בני ישראל בכל מקומות מושבותיהם וגם בין אנשים מיתר העמים, לכונן חברות כמוה בכל מקום אשר תגיע ידה ולאחד את בעלי המלאכה לקום נגד עושקיהם.

2. האגדה תתחבר בברית אחים עם חברי בעלי המלאכה אשר ליתר העמים.

3. כל פועל יוכל להתקבל אל האגדה על־פי שני חברים מבני האגדה.

4. כל החברים שוים. כל אחד מהם ישלם לקופת האגדה ד 2 (פענס) לשבוע או ד 8 לחודש.

5. כבל מוצאי שבת תהי אסיפת האגדה. כל אסיפה תבחר לה את היושב בראש (פרעזידענט) וכל דברי המועצה יקומו על־פי דעת הרבים מהנאספים.

6. המזכיר סעקרעטער, הנאמן קעשיער יבחרו על משך ששת חדשים, אבל האגדה תוכל להסירם ממשמרתם בכל עת אשר תחפץ.

7. האגדה תוציא מתוכה את האיש, אשר לא יתאימו מעשיו עם הסטאטוטים האלה.